דר. נחום גאָלדמאַן

# אונזער פּאָזיציע אין דער וועלט פון היינט און מאָרגען

אידישער וועלט־קאָנגרעס
ניו יאָרק

# OUR POSITION IN THE WORLD OF TODAY AND TOMORROW

By

NAHUM GOLDMANN



WORLD JEWISH CONGRESS

1834 Broadway, New York

MARCH, 1945

# אונזער פּאָזיציע אין דער וועלט פון היינט און מאָרגן

פון
דר. נחום גאָלדמאַן

(באַזירט אויף דער רעדע ביי דער דערעפנונג פון דער אידישער וועלט־קאָנפערענץ אין אַטלאַנטיק סיטי, דעם 26טן נאָוועמבער, 1944)

אין 1932, אויף דער אַלטוועטלעכער אידישער פּאַרקאָנפערענץ אין זשענעווע, וועלכע האָט געפירט צו דער גרינדונג פון אידישן וועלט־קאָנגרעס, בין איך געבעטן געוואָרן צו אַנאַליזירן די אידישע לאַגע אין דער וועלט. פון דעמאָלט אָן איז מיר אויסגעקומען פון יאָר צו יאָר צו איבער'חזר'ן דעם דאָזיקן אַנאַליז אויף די פאַרשידענע אינטערנאַציאָנאַלע אידישע קאָנפערענצן, וואָס זענען פאָרגעקומען צווישן 1932 און דעם אויסברוך פון קריג. באַלד פון אָנהויב אָן איז עס געווען אַ טראַגישע אויפגאַבע, און זי איז געוואָרן וואָס אַמאָל מער טראַגיש, ווען נאַצי־דייטשלאַנד איז געוואָרן מעכטיקער, און איר אַנטי־אידישע פּאָ־

ליטיק האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערוויקלען אין איר גאַנצער גרויזאַמקייט און טיִיוואַלישקייט. יאָר־יערלעך האָב איך געדאַרפט אַנאַליזירן די אידישע לאַגע, אַ לאַגע, וועלכע האָט זיך כסדר פאַרערגערט און באַקומען אַלע סימנים פון אַ קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט באַדראָט דעם עצם קיום פון גרויסע טיילן פון אונזער פאָלק. דאַן איז געקומען די מלחמה, און מיר זענען געווען אָפּגעריסן איינער פון אַנדערן פינף יאָר צייט.

קומט מיר ליידער אוים צו באַריכטן נישט וועגן אַ דראָענדער קאַטאַסטראָפע, וועגן אַ חורבן, וואָס הענגט אין דער לופטן, נאָר וועגן אַ טראַגעדיע, וואָס איז פאָרגעקומען; אַ טראַגעדיע, וועלכע איז אַ סך שרעקלעכער, ווי ווער־עס־איז וואָלט זיך געקענט ווען פאָרשטעלן — וועגן דער פאַרניכטונג פון אַ גרויסער מערהייט פון אייראָפּייאישן אידנטום. עס איז אפשר נאָך צו פרי צו רעדן וועגן דער קאַטאַסטראָפע אין גענויע ציפערן. אַ טייל פון די נאַצי־אָקו־פירטע לענדער אין אייראָפּע זענען נאָך ניט באַפרייט, און ווער ווייסט, וואָס עס וועט געשען מיט דער שארית הפליטה פון די אידן פון די דאָזיקע לענדער אין דעם לעצטן מאָמענט פאַר דעם פולשטענדיקן צוזאַמענברוך פון דעם נאַצי רעזשים. אָבער אפילו פון די לענדער, וואָס זענען שוין באַפרייט געוואָרן, איז נאָך ניט פאַראַן קיין גענויער סטאַטאַסטישער איבערבליק, כאָטש אַלע באַ־ריכטן באַווייזן, אַז אונזערע ערגסטע פאָראויסזעאונגען זיינען איבערגעשטיגן געוואָרן דורך דעם, וואָס עס איז ווירקלעך געשען. אין בעסטן פאַל זענען אין לענדער, וועלכע האָבן געהאַט מיליאָנען אידן, פאַרבליבן נאָר אַ פּאָר הונדערט טויזנט. לענדער, וואו עס האָבן פריער געבליט אידישע קיבוצים, זענען פאַקטיש אידן ריין. אַ הונדערט טויזנט מער אָדער ווייניקער קאָן נישט ענדערן דעם שוידערלעכן פאַקט, וועלכער איז שוין איצט אויסער יעדן צווייפל, אַז די גרויסע מערהייט פון אייראָפּייאישן אידנטום איז אויסגע־מאָרדעט געוואָרן.

עס איז אָן איינפאַכע זאַך פעסטצושטעלן דעם פאַקט — אַ פאַקט, צו וועלכן מיר האָבן זיך צוגעוואוינט אין די לעצטע יאָרן, זינט די ידיעות וועגן דער נאַצישער אויסראָטונגס־פּאָליטיק האָבן

אַנגעהויבן דערגיין צו אונז. אָבער קיינער פון אונז איז נאָך נישט בכוח אָפּצושאַצן די באַדייטונג פון דעם פאַקט, וואָס איז גרעסער, ווי וועלכע עס איז געשעעניש אין די פילע יאָרהונדערטער פון דער אידישער געשיכטע. אונטער'ן באַוואוסטזיין טראַכטן מיר נאָך אַלע וועגן אייראָפּייאישן אידנטום אַזוי, ווי עס איז געווען. די מענש־לעכע פאַרשטעלונג איז אומפּייאיק צו באַגרייפן די פולע באַדייטונג פון דער אויסראָטונג פון אַ פּאָר מיליאָנען מענשן. ווען מיר זאָגן „פוילן", טראַכטן מיר נאָך אַלץ וועגן אַ לאַנד מיט אַ גרויסער אידישער באַפעלקערונג, מיט גרויסע צענטערס פון אידישן לעבן און קולטור. טראַכטנדיק איצט וועגן פויליש־אידישע פּראָבלעמען, איז שווער זיך צוגעוואוינען צו דעם מורא'דיקן פאַקט, אַז אין צו־קונפטיקן פוילן וועלן אפשר זיין אַ הונדערט אָדער צוויי הונדערט, אָדער אַממערסטן דריי הונדערט טויזנט אידן, וואָס זענען פאַר־בליבן. ווען מיר דערמאָנען „אונגאַרן", האָבן מיר פאַר אונזערע אויגן אַ אידישן קיבוץ פון אַ ספּעציפישן כאַראַקטער, וואָס האָט געמאַכט גרויסעביישטייערונגען פאַרן אידישן לעבן און ציילט הונדערטער טויזנטער נפשות. עס איז אונגעהויער שווער צו רע־אָריענטירן אונזער מחשבה און אָננעמען דעם שוידערלעכן פאַקט, אַז אפשר ניט מער ווי איין אָדער צוויי הונדערט טויזנט אידן וועלן פאַרבלייבן אין אונגאַרן נאָך דעם, ווי דאָס לאַנד וועט באַפרייט ווערן. און די שוידערלעכקייט ליגט נישט נאָר אין דעם פאַקט, וואָס מיליאָנען אידן לעבן נישט מער. דאָס, וואָס עס איז היסטאָריש נאָך מער וויכטיק איז, אַז צוזאַמען מיט די אומגעקומענע אידן זיינען חרוב געוואָרן די קהילות, וועלכע זיי האָבן אויפגעבויט, די צענטערס, וואָס זיי האָבן געגרינדעט, די טראַדיציעס, וועלכע זיי האָבן אָפּגעהיט, די קולטורעלע ווערטן, וואָס זיי האָבן געשאַפן.

איך זאָג, אַז עס וועט נעמען יאָרן און יאָרן ביז מיר וועלן אָנהויבן פאַרשטיין, וואָס די דאָזיקע אָפּשוואַכונג פון אונזער פּאָ־זיציע אין דער וועלט דורך דעם פאַרלוסט פון פינף מיליאָן אידן; די צעשטערונג פון אידישן אייגנטום, דורך דער פאַרניכטונג פון די גרעסטע צענטערס פון אידישן קולטורעלן לעבן אין גלות — וועלן באַדייטן פאַר דער גאַנצער סטרוקטור, פאַר אַלע אויסזיכטן

און מעגלעכקייטן פון דעם צוקונפטיקן אידישן לעבן נאָך דער מלחמה.

איך בין זיכער, אַז דער טאָג וועט קומען, ווען עס וועט אויפ־שטיין אַ נייער ביאַליק און ער וועט באַזינגען, אויב איר קענט דאָס אָנרופן אַ געזאַנג, און ער וועט אָנשרייבן די גרויסע אונ־שטערבלעכע פּאָעמע וועגן דער טראַגעדיע פון די יאָרן, וואָס אין פאַרגלייך מיט זיי פאַרנעמט קישענעוו אַ קליינעם אָרט.

די צייט איז געקומען צו מאַכן אָן איבערזיכט איבער דער אונגעהויערקייט פון דער קאַטאַסטראָפע און צו רעדן מיט דער פולער אויפריכטיקייט און קוראַזש וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פאַר איר.

קודם כל, אַ פּאָר ווערטער וועגן דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. עס וואָלט געווען זייער לייכט, צו־לייכט און צו־איינפאַך פאַר אונז און פאַר דער ניט־אידישער וועלט, אָרויפצולייגן די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט אויף היטלערן און דערביי בלייבן שטיין. אָבער דאָס שעפּט נישט אויס דאָס פּראָבלעם. די מאָראַלישע פאַראַנט־וואָרטלעכקייט דאַרף נישט אָרויפגעלייגט ווערן אויף היטלערן און אויף נאַצי־דייטשלאַנד. זיי זענען אונטער יעדער מדרגה פון מאָ־ראַלישער אחריות. מיר רעדן דאָ וועגן אַ פאָלק, וואָס האָט זיך אַליין דעגראַדירט צו דער שטופע פון חיות אין מענשלעכן גע־שטאַלט. דיסקוטירן מאָראַלישע פראַגן מיט די נאַצים איז אַ באַ־ליידיקונג פאַר דעם, וואָס פּרואווט דאָס צו טאָן. אין אַ מאָראַלישן זין זענען זיי ניט די פאַראַנטוואָרטלעכע. אויב אַ משוגענער הונט בייסט אייך, פאַרניכטעט איר אים, אָבער איר מאַכט אויך פאַר־אַנטוואָרטלעך דעם אייגנטימער פון דעם הונט, וועלכער האָט אים געדאַרפט היטן. אין דעם פאַל, איז דער אַדרעס פאַר דער מאָראַ־לישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט נישט נאַצי־דייטשלאַנד און נישט די גענגסטערס אָדער חיות, ווי היטלער און זיינע נאָכפאָלגער — נאָר די גאַנצע דעמאָקראַטישע וועלט פון אונזער צייט.

דאָס איז אַ פראַגע פון גרויסער פּאָליטישער און מאָראַלישער באַדייטונג, און דערפאַר הויב איך אָן דערמיט אַלץ וואָס איך האָב צו זאָגן, און איך וועל רעדן וועגן דעם מיט דער פולער אויפריכ־טיקייט. איך באַטראַכט דאָס פאַר אַן ענין פון גרויסער פּאָליטישער און מאָראַלישער באַדייטונג, אַז דאָס אידישע פּאָלק אין דער גאַנצער וועלט דאַרף האָבן די פעסטקייט און דעם קוראַזש אַרויפ־צולייגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויף די, צו וועלכע זי געהערט.

היטלער איז נישט אַראָפּגעפאַלן פון מאַרס אָדער פון אַנדערער פּלאַנעטע אויף אונזער ערד און האָט אָנגעהויבן פאַרניכטן אידן. אַלע האָבן מיר דורכגעלעבט די דאָזיקע טראַגעדיע. עס האָט גע־נומען היטלערן 10 יאָר צוצוגרייטן זיין אויסראָטונגס־פּאָליטיק, און אין פאַרלויף פון די צען יאָר האָבן מיר כסדר געהאַלטן אין איין וואָרענען די דעמאָקראַטישע וועלט וועגן דער אָנקומענדער קאַ־טאַסטראָפע. עס זענען פאַראַן פיל פאַרשטייער פון אידישן פּאָלק, וועלכע קענען דערציילן וועגן די פילע געשפּרעכן, פאַרהאַנדלונגען, מעמאָראַנדומס און עפנטלעכע אַרויסטריטן, וואו זיי האָבן גע־וואָרנט די פירער פון דעמאָקראַטישע פעלקער, פאַר דער ספּעציע־לער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס פאַלט אויף זיי פאַר דער פאַר־ניכטונג פון די אידן אין אייראָפּע.

די גאַנצע דערשיינונג פון היטלעריזם ליגט אין דער שטעלונג פון די דעמאָקראַטיעס. די דאָזיקע צווייטע וועלט־מלחמה איז ניט געווען קיין נויטווענדיקייט, וואָס זאָל האָבן דיקטירט געוואָרן דורך נאַטירלעכע אָדער היסטאָרישע געזעצן. אויב די פירער פון די דעמאָקראַטישע פעלקער אין די לעצטע צען יאָר וואָלטן געהאַט אַ ביסל מער פשוט'ע פאַרנונפט, און וואָס איז נאָך מער וויכטיק, — אַ ביסל מער מאָראַלישן קוראַזש און אַ געפיל פון סאָלידאַריטעט — וואָלט די דאָזיקע צווייטע וועלט־מלחמה מיט איר גאַנצער טראַ־געדיע פאַר די פעלקער, וואָס זענען פאַרמישט אין דעם קריג, געווען כמעט אומנויטיק און וואָלט לייכט, איך ווידערהאָל, לייכט, געקענט אויסגעמיטן ווערן.

אויב עס איז אַמאָל געווען אַ תקופה אין דער געשיכטע, ווען די שטראָף פאַר דעם מאַנגל אין מענשלעכער סאָלידאַריטעט און

מאָראַלישער פעסטקייט איז געפאַלן אויף דעם דור, וואָס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך דערפאַר, איז עס אונזער דור. מיליאָנען לעבנס זענען אומגעבראַכט געוואָרן צוליב דעם, וואָס רעגירונגען און פעלקער זיינען געווען גלייכגילטיק צו דער געפאַר פון נאַציזם, און וואָס יעדעס פאָלק האָט געטראַכט, אַז עס וועט אַליין אויסמיידן די סכנה, לאַזנדיק אַנדערע ליידן.

און דאָס וואָס איז ריכטיק אין אַלגעמיין, איז דאָפּלט אמת בנוגע אונז. דער נאַציזם האָט ניט אָנגעהויבן זיין אַנטי־אידישע פּאָליטיק מיט הרג׳ענען אידן. צען יאָר זענען פאַרלאָפן, זינט דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע און די נירנבערגער געזעצן ביז די טויט-קאַמערן פון מאַידאַנעק און טרעבלינקע. די דעמאָקראַטיעס קענען ניט זאָגן, אַז זיי זענען ניט געוואָרנט געוואָרן. מיר האָבן כסדר, זייט 1933, איינגעגע׳טענה׳ט מיט די גרויסע דעמאָקראַטיעס, אַז זיי זאָלן אָדער אָפּשטעלן היטלערס פאַרפאָלגונגען קעגן אידן, אָדער לכל הפחות דערמעגלעכן די אידן אַרויסצוקומען פון נאַצי־דייטשלאַנד, ווי לאַנג עס איז נאָך געווען צייט. די מערסטע פון די דעמאָקראַטישע פירער האָבן באַטראַכט אונזערע וואָרנונגען פאַר איבערטרייבונגען פון פּאַניק - איבערגעשראָקענע אידן. ווען מיר האָבן זיי געבעטן צו אינטערווענירן אין דייטשלאַנד, איז דער ענטפער געווען, אַז אַנטי־אידישע פּאָליטיק איז אַן אינערלעכע פראַגע פון אַ לאַנד, און אַז די סואווערענע רעכט פון יעדן לאַנד פאַרווערן אַנדערע לענדער זיך אַריינצומישן וועגן דעם. ווען מיר האָבן פאַרלאַנגט עפענען די טירן פון אַנדערע לענדער, ספּעציעל פון ארץ־ישראל, האָט מען אונז געענטפערט, אַז אימיגראַציע־פּאָליטיק איז אַן אינערלעכער ענין פון אַ סואווערענער מלוכה. און ענגלאַנדס אַפּיזמענט פּאָליטיק בנוגע די אַראַבער האָט געפירט די ענגלענדער צו פאַרמאַכן די טויערן פון ארץ־ישראל אין אַ צייט, ווען דאָס האַלטן זיי אָפן איז געווען מער וויכטיק ווי ווען עס איז פריער. אפילו בעת דער מלחמה, ווען די ידיעות וועגן די מאַסן־רציחות, — וועלכע זענען אין אָנהויב געשטעלט געוואָרן אונטער אַ צווייפל דורך די רעגירונגען, אָבער זענען שפּעטער באַשטעטיקט געוואָרן דורך זייערע אייגענע פאַרשטייער, — האָבן אָנגעהויבן

דערגרייכן צו אונז, און מיר האָבן פאַרלאַנגט אַ דרייסטע און אַנטשלאָסענע האַנדלונג, צו ראַטעווען הונדערטער טויזנטער אידן, איז דער ענטפער געווען: רוטינע מעטאָדן, ביוראָקראַטיע, און דאָס אָפּוואַרפן די מיטלען, וואָס מיר און אַנדערע אידישע אָרגאַני־זאַציעס האָבן פאָרגעלייגט.

אונז אַלעמען איז באַקאַנט די געשיכטע, וואָס מען רופט אָן רעטונגס־אַרבעט — אַ געשיכטע פון דורכגעלאָזענע געלעגנהייטן און וועגן זאַכן, וואָס אויב זיי זענען געטאָן געוואָרן, זענען זיי געטאָן געוואָרן צו־שפּעט און נישט גענוג. דאָס איז אַ געשיכטע, וואָס קען מאַכן פאַרלירן דעם גלויבן אין דער מענשהייט און אין דעמאָקראַטיע. דאָס איז נישט דערפאַר, ווייל דאָ זאָל נישט האָבן געווען דער גוטער ווילן צו ראַטעווען אידן. מיר באַשולדיקן נישט די פירער פון די גרויסע דעמאָקראַטישע פעלקער אין דעם מאַנגל פון סימפּאַטיע אָדער ווילן צו העלפן. אָבער זייער ווילן איז נישט געווען ענטשפּרעכנד צו דער אומגעהויערקייט פון דער טראַגעדיע. זייערע באַמיאונגען האָבן זיך אַלע מאָל אויסגעלאָזן מיט שוועריקייטן, וועלכע זענען ענטשטאַנען צוליב רוטינע־פּראָצעדורן און ביוראָקראַטיע, וואָס איז נאָך געוואַקסן אין דער צייט פון קריג. שטעלט אייך פאָר, אַז די ענגלענדער וואָלטן נאָך דאַנקירק געדאַרפט באַקומען אַ דערלויבעניש פון פיר אָדער פינף פאַרשידענע דעפּאַרטמענטס בכדי צו שיקן שיפן צו ראַטעווען די רעשטלעך פון זייער אַרמיי. וואָס דאָס ענגלישע פאָלק האָט געטאָן אין די העראָאישע טעג פון דאַנקירק, איז געווען נישט צו רעכענען זיך מיט די ביוראָקראַטישע פאַרשריפטן. יעדער איינער, וואָס האָט געקענט, האָט גענומען אַ שיף און איז געקומען ראַטעווען די אַרמיי. די אידן זענען אין די אַלע יאָרן געווען אין אַ דאַנקירק־פּאָזיציע, אָבער קיינמאָל זענען אויף קיין איין מאָמענט נישט אָפּגעלאָזן געוואָרן די ביוראָקראַטישע אָדער רוטינע מעטאָדן, בכדי אַריבערצוגיין צו אַ גיכער רעטונגס־אַקציע פון אַנטשלאָסענע מיט־לען. דערפאַר זאָגן מיר צו דער וועלט, אַז דער אַדרעס פאַר אונזערע קלאָגעס און אונזערע פאָדערונגען, אונזער פאַרביטערונג און אונזער האָפנונג — איז נים נאַצי דייטשלאַנד.

נאַצי־דייטשלאַנד מוז צעשטערט ווערן. אָבער נאָך דעם האָבן מיר ניט מיט איר קיין שום רעכענונג צו רעגולירן, ווייל מאָראַלישע און פּאָליטישע טעמים קענען נישט אַנגעווענדעט ווערן בנוגע אַ רעזשים, וואָס טראָגט אַזאַ מערדערישן כאַראַקטער. אונזער אדרעס זענען די דעמאָקראַטישע פעלקער, פאַר וועלכע מאָראַלישע געזעצן און פאַרשריפטן פון אנשטענדיקייט עקזיסטירן. זיי זענען אין אַ היסטאָרישן זין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דאָזיקער אומפאַר־גלייכלעכער קאַטאַסטראָפע און זיי האָבן די פאַרפליכטונג צו פאַר־ריכטן דאָס, וואָס לאָזט זיך נאָך פאַרריכטן, און פאַרהיטן, אַז אַזאַ קאַטאַסטראָפע זאָל מער ניט קענען קיינמאָל פאָרקומען.

וואָס מיינט דאָס אין קאָנקרעטע באַגריפן? די אידישע רעכט מוזן צוריקגעשטעלט ווערן אומעטום, וואו זיי זענען אָפּגע־שאַפט געוואָרן. זיי מוזן צוריקגעשטעלט ווערן רעטראַאַקטיוו, ווי די דאָזיקע געשפּענסטער־תקופה וואָלט אינגאַנצן נישט געווען. מיר ווייסן, אַז עס איז אוממעגלעך אָפּצומעקן אַלע עפעקטן פון דער דאָזיקער תקופה. עס איז נישט דאָ אַזאַ זאַך, ווי פאַרגעסן אַ היסטאָרישע דערשיינונג. אין פאַרלויף פון פילע צענדליקער, אויב נישט הונדערטער, יאָרן וועט די וועלט ליידן פון די רעזול־טאַטן פון דער דאָזיקער באַרבאַרישער ערא, אָבער לכל הפחות דאַרפן לעגאַל די געזעצן און פאַרשריפטן פון דער דאָזיקער תקופה אַנולירט ווערט, אַרויסגעריסן ווערן פון דעם רעקאָרד פון דער געשיכטע, און די אידישע רעכט, ווי זיי האָבן עקזיסטירט פריער, דאַרפן צוריקגעשטעלט ווערן.

אויף ווי ווייט דאָס איז מעגלעך, דאַרף צוריקגעשטעלט ווערן דאָס אידישע אייגנטום. איך גיי דאָ ניט אַריין אין פּרטים פון דעם קאָמפּליצירטן פּראָבלעם. איך מאַך נאָר אַן איבערזיכט וועגן די הויפּט־פּונקטן פון אַ פּראָגראַם. מיר ווייסן, אַז אַ סך פון דעם אידישן פאַרמעגן, סיי פּריוואַטן און סיי געזעלשאַפטלעכן, וואָס איז צעשטערט געוואָרן דורך די נאַצים, קען נישט מער צוריקגעשטעלט

ווערן. אָבער דער פּרינציפּ, אַז דאָס אידישע פאַרמעגן מוז צוריק־געשטעלט ווערן אומעטום, וואו דאָס איז מעגלעך, דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס הייליק. און ווידער אַמאָל באַטאָן איך, אַז אונזער הויפּט־אַדרעס, ווען מיר שטעלן די דאָזיקע פאָדערונג, איז נישט נאַצי־דייטשלאַנד. נאַטירלעך מוז גע׳גנב׳עט און צוגערויבט אידיש פאַרמעגן צוריקגעגעבן ווערן אומעטום, וואו דאָס איז מעגלעך. אָבער די, וואָס זענען הויפּטזעכלעך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר צוריק־שטעלן דאָס אידישע אייגנטום, זענען די דעמאָקראַטישע רעגי־רונגען. און מיר הערן שוין פון די באַפרייטע לענדער, אַז די, וועלכע האָבן פּראָפּיטירט פון דעם רויב, שטעלן זיך אַנטקעגן דעם, מ׳זאָל צוריקגעבן די אידישע פאַרמעגנס. איז עס צו־פיל צו זאָגן, אַז די מאָס, אין וועלכער די דעמאָקראַטישע רעגירונגען, וואָס האָבן זיך צוריק איינגעאָרדענט אין די באַפרייטע לענדער, וועלן באַקעמפן דעם ווידערשטאַנד פון אָט די פאַראינטערעסירטע צו פאַרהאַלטן ווייטער די צוגע׳גנב׳עטע אידישע פאַרמעגנס און נישט צוריקגעבן זיי צו די געזעצלעכע אייגנטינער — וועט זיין אַ פּראָבע פון דער ערלעכקייט פון דעמאָקראַטישן כאַראַקטער פון די רע־גירונגען? דערקלערונגען און הבטחות אַליין וועלן נישט גענוגן. אפשר מער, ווי יעדעס אַנדער פאָלק אין דער וועלט, זענען מיר, אידן, אין די לעצטע צען יאָר געוואָרן מיד און מאַט פון אָט די פּלאַטאָנישע צוזאָגן און סימפּאַטיע אויסדרוקן. דאָס, וואָס מיר צוזאַמען מיט אַנדערע פעלקער דערוואַרטן היינט צו טאָג, זענען מעשים און אַקציעס.

ווען איך רעד וועגן צוריקשטעלן דאָס אידישע פאַרמעגן, מיין איך נישט נאָר דאָס פאַרמעגן פון די יחידים, וועלכע זענען געבליבן לעבן. די מערהייט באַזיצער פון צוגערויבטן אידישן אייגנטום לעבן נישט מער. איז נאָך פאַראַן עפּעס אַ גערעכטערע זאַך, ווי צו פאָדערן לכל הפחות, אַז דאָס אידישע פאָלק אַלס אַ גאַנצעס זאָל באַטראַכט ווערן פאַר דעם יורש פון די פון זיינע קינדער, וואָס זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן? עס וואָלט געמיינט מאַכן אַ בלוטיקן שפּאַס פון דער טראַגעדיע, ווען ניט־אידישע יחידים, ניט־אידישע געמיינדעס און רעגירונגען זאָלן ווערן די יורשים פון

די פּאַרמעגנס, וואָס אויב נישט געזעצלעך אין דעם שטרענגען זין פון דעם וואָרט, איז געווים מאָראַליש געהערן זיי צו דער אידי־שער געמיינשאַפט, און דאַרפן באַנוצט ווערן פאַר אויפבויען צוריק דאָס אידישע לעבן און די אידישע צוקונפט.

אַ גרויסער מאָראַלישער פּרינציפּ איז פאַרוויקלט אין די אַלע פּראָבלעמען, וועלכע זענען אויס צו האָבן צו טאָן נאָר מיט מאַטע־ריעלע ענינים. דער אופן, אויף וועלכן דאָס דאָזיקע פּראָבלעם וועט רעגולירט ווערן, וועט זיין דער אמת׳ער פּרואוו פון דעם גוטן ווילן פון די דעמאָקראַטיעס צו פאַרריכטן אַ טייל פון זייערע עוולות, וואָס זיי זענען באַגאַנגען, און דערפילן אַ טייל פון זייער פאַראַנט־וואָרטלעכקייט.

און איצט — דאָס פּראָבלעם וועגן ווידעראויפבוי פון די פאַר־בליבענע אידן אין די אייראָפּייאישע לענדער.

ווידער אַמאָל וועל איך מיט דער גאַנצער אויפריכטיקייט פעסטשטעלן דעם פּרינציפּ, וועלכער איז לויט מיין באַשיידענער מיינונג געווען ריכטיק אויך אין די לעצטע צוואַנציק יאָר פון אונזער אידישן לעבן, אָבער וועלכער וועט אין דער נאָך־מלחמה־תקופה האָבן די גרעסטע באַדייטונג פאַר דער צוקונפט פון אונזער פאָלק. דער דאָזיקער פּרינציפּ איז, אַז די פינאַנציעלע לאַסט, די פליכט פאַר אידישער רעליף און רעהאַביליטאַציע קען נישט אין דער צוקונפט באַטראַכט ווערן אַלס אַן אויסשליסלעך אידישע. עס וואָלט געווען סיי עקאָנאָמיש אוממעגלעך און סיי מאָראַליש ניט אויסגעהאַלטן אַרויפצולייגן אויף דעם אידישן כלל די לאַסט פאַר דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער רעהאַביליטאַציע פון אייראָ־פּייאישן אידנטום.

די דאָזיקע באַמערקונג איז געווענדעט נישט אַזוי פיל צו דער „אונרראַ", וואָס וועט, ווי איך בין זיכער, נישט דיסקרימינירן קעגן אידן און איז גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס זי קען פאַר אידן און נישט־אידן גלייך — נאָר זי איז אַדרעסירט צו די אידישע אָרגאַניזאַציעס. מיר ווייסן, אַז עס זיינען פאַראַן געוויסע באַדייטנדע אידישע אָר־גאַניזאַציעס, וועלכע שלעפּן זיך נאָך אַלץ נאָך אַן די אַלט־מאָדישע פּרינציפּן און וואַקלען זיך אויפצופאָדערן די רעגירונגען און אינ־

טערנאַציאָנאַלע אַגענטורן צו געבן פינאַנציעלע שטיצע פאַר דעם אידישן ווידעראויפבוי.

מיר, וועלכע ריכטן זיך נישט מיט אַזעלכע טעמים, מוזן קומען צו די רעגירונגען פון דער וועלט און זאָגן זיי מיט דער פולער אויפריכטיקייט, אַז מיר זענען באַרעכטיקט צו באַקומען אינטערנאַציאָנאַלע הילף, לכל הפחות פונקט אַזוי פיל, ווי אַלע אַנדערע אייראָפּייאישע פעלקער וועלן זי באַקומען. דאָס מיינט נישט, אַז מיר באַטראַכטן זיך אַליין פאַר פריי פון ברענגען אונזערע אייגענעביישטייערונגען. אָבער מיר אַליין קענען זיך נישט קיין עצה געבן מיט דעם פּראָבלעם. אין זיין אונגעהויערקייט און קאָמפּליצירטקייט שטייגט דאָס אַריבער די מיטלען און פאָנדן פון פּריוואַטן אידישן רעליף. אַלץ, וואָס די אידישע רעליף־אָרגאַניזאַציעס וועלן ביישטייערן, וועט זיין נאָר אַ צוגאָב. דעם הויפּט־טייל וועלן מוזן צושטעלן די זעלבע רעגירונגס־אַגענטורן, וואָס וועלן העלפן אייראָפּע און אַזיע נאָך דער מלחמה.

איך וויל זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן נאָך אַ פאָדערונג, וועלכע האָט גאָרנישט צו טאָן מיט עקאָנאָמישע אָדער פינאַנציעלע פראַגן, אָבער וואָס האָט אַן אונגעהויערע היסטאָרישע באַדייטונג. איך מיין די פראַגע וועגן שטראָף פאַר די פאַרברעכנס, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן קעגן אידן. די דאָזיקע פראַגע דרינגט אַריין מאָראַליש טיף אין דעם אַלגעמיינעם פּראָבלעם וועגן באַשטראָפן די קריגס־פאַרברעכער. דאָס איז נישט קיין ענין פון נקמה. מיר ווייסן זייער גוט, אַז קיין איין דערמאָרדעטער איד וועט נישט געמאַכט ווערן צוריק לעבעדיק, און אַז קיין איין צעשטערטע אידישע פּאָזיציע וועט נישט צוריק אויפגעשטעלט ווערן דורך אַרויסטראָגן די שטראָף. אָבער אויב אין משך פון די לעצטע יאָרן האָט די מענשהייט נישט געלערנט, אַז די מאָראַלישע טעמים זענען לעבנס־נויטווענדיק פאַר דער עקזיסטענץ פון די פעלקער, און אַז אַ געוויסער מינימום פון גערעכטיקייט אין אינטערנאַציאָנאַלע ענינים איז אומבאַדינגט נויטיג פאַר דעם המשך פון דער מענשלעכער ראַסע — דאַן זענען אַלע ליידן פון אונזער דור געווען אומזיסט. דאָס געבן אַ ביישפּיל פאַר די קומענדיקע דורות און

לערנען די וועלט, אַז אַזעלכע פאַרברעכנס, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן פון די נאַצים און זייערע פאַרבינדעטע, קענען נישט בלייבן אומבאַשטראָפט, — איז אַ נויטווענדיקער באַדינג פאַר צוריק־שטעלן די מאָראַלישע גלייכגעוויכט פון דער קומענדיקער נייער וועלט. מיר זענען זייער צופרידן צו פאַרצייכענען, אַז די פירער פון די פאַראייניקטע פעלקער האָבן אייניקע מאָל פראָקלאַמירט דעם דאָזיקן פרינציפּ און זייער ענטשלאָסנקייט אים דורכצופירן. אויב די פאַרעלטערטע באַשטימונגען און באַגריפן פון דעם אַזוי־גערופענעם אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ זענען אַ שטערונג פאַר דער פולער און שטרענגער דורכפירונג פון דעם פרינציפּ, דאַן מוזן זיי געענדערט ווערן. אויב די עקזיסטירנדע געזעצן זענען אין קאָנ־פליקט מיט די עלעמענטאַרע פאַרשריפטן פון מאָראַל, קענען זיי מער נישט בלייבן קיין געזעצן. עס איז פאַראַן אַ ווירקלעכע געפאַר, אַז ווען אפילו דער פרינציפּ פון באַשטראָפן די קריגס־פאַרברעכער וועט דורכגעפירט ווערן, וועלן אַ סך פון די שוידער־לעכע פאַרברעכנס, וואָס זענען באַגאַנגען געוואָרן ספּעציעל קעגן אידן, בלייבן אומבאַשטראָפט. מיר וועלן נישט רוען אַזוי לאַנג, ווי די דאָזיקע געפאַר וועט עקזיסטירן. מיר וועלן נישט אויפהערן צו בעטן און פאָדערן, אַז בעת עס וועט געמאַכט ווערן דער חשבון מיט די נאַצי פאַרברעכער, זאָל מען נישט פאַרקוקן די אידישע טענות. דאָס שטיין אויף דער וואַך און אָפּהיטן, אַז אויך אין דער דאָזיקער הינזיכט זאָלן מיר נישט זיין אַ פאַרגעסן פאָלק, וועט זיין— ווי עס איז ביז איצט געווען — איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון אידישן וועלט־קאָנגרעס. מיר האָפן צו באַקומען די שטיצע פון אַלע אנשטענדיקע מענשן און אַלע פירער פון די פאַראייניקטע פעלקער, ווען אפילו דאָס וואָלט געמיינט, אַז מען דאַרף באַזייטיקן געוויסע פאַרעלטערטע לעגאַלע באַגריפן.

די אלע פאַדערונגען, וועלכע איך האָב דאָ נאָר־וואָס אויס־גערעכנט, זענען נישט קיין ספּעציפיש אידישע. דאָס זענען פאָדערונגען, וועלכע ווערן אויף אַן אַנדערן אופן און אין אַנדערע פאָרמולירונגען געשטעלט דורך פיל אַנדערע פעלקער. זיי צילן נישט מער ווי אָנצואווענדן בנוגע דעם אידישן לעבן און דער אידישער צוקונפט דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ פון גלייכהייט. ניט נאָר אונזערע רעכט דאַרפן צוריקגעשטעלט ווערן. די רעכט פון אַלע אַנדערע פעלקער, וועלכע זענען צעשטערט געוואָרן פון די נאַצים, דאַרפן צוריקגעשטעלט ווערן, און צווישן זיי אויך אונזערע רעכט. נישט נאָר אונזער אייגנטום דאַרף צוריקגעגעבן ווערן, נאָר אויך די פאַרמעגנס, וואָס זענען צוגערויבט געוואָרן דורך די נאַצים פון אַלע זייערע געגנער, צווישן זיי אויך אונזער פאַרמעגן. אין אַלץ וואָס מיר פאָדערן, האָבן מיר אין זינען איין פּרינציפּ, אַז דאָס, וואָס עס ווערט געגעבן אַנדערע פעלקער, דאַרף אויך אונז געגעבן ווערן. מיר פאַרלאַנגען נישט מער, אָבער אויך נישט ווייניקער.

אָבער אויב אפילו דאָס אַלץ וועט אונז געגעבן ווערן, איז דאָס פּראָבלעם נאָך נישט געלייזט. די לעצטע צען יאָר האָבן באַוויזן, אויב עס איז געווען נויטיק אַזאַ באַווייז, אַז אפילו אין אַ וועלט אָן נאַציזם איז די אידישע פּאָזיציע נישט נאָרמאַל. עס איז געווען אַנטיסעמיטיזם פריער, פאַר די נאַצים, און מיר זענען נישט אַזוי נאַאיוו צו גלויבן, אַז היטלערס מפּלה מיינט דעם סוף פון אַנטיסעמיטיזם. היטלער האָט נישט געשאַפן דאָס אידישע פּראָבלעם, ער האָט דאָס מיסגעברויכט, און האָט דאָס עקספּלואַ־טירט אויף אַ טייוואָלישן וועג.

דאָס אידישע פּראָבלעם איז די היימלאָזיקייט פון אידישן פאָלק. מיר וועלן זיך נישט אַריינלאָזן אין אידעאָלאָגיעס. אָבער רעדנדיק רעאַליסטיש וועגן דעם, קען מען פעסטשטעלן, אַז אויב אַ אידישע ארץ־ישראל וואָלט פולשטענדיק אויפגעבויט געוואָרן מיט צען אָדער מיט פופצן יאָר צוריק, אויב עס וואָלט געווען אַ אידישע מלוכה אין ארץ־ישראל, בעת היטלער האָט זיך באַוויזן אויפ׳ן האָריזאָנט און איז געקומען צו דער מאַכט, אַ אידישע מלוכה און אַ לאַנד, וואָס וואָלט געקענט עפענען די טויערן פאַר

אלע אידן, וואָס האָבן געדאַרפט אַהינקומען צו אַנטלויפן פון דער געפאַר — וואָלט אַזאַ טראַגעדיע ניט פּאַסירט. יעדער איינער פאַרשטייט דאָס. דאָס איז עלעמענטאַר. איצט, ווען די לעבנס פון 5 מיליאָן אידן האָבן באַוויזן דער וועלט, וואָס עס מיינט דאָס אידישע פּראָבלעם, דאַרפן מיר נישט היינט־צו־טאָג לערנען ציוניזם אָדער לייענען הערצל׳ען און פינסקער׳ן. עס איז בלויז גענוג צו געדענקען די 5 מיליאָן אידן אין אייראָפּע, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן צוליב דער היימלאָזיקייט פון אידישן פאָלק.

צי דאַרפן מיר וואַרטן אויף אַ צווייטער לעקציע פון דעם מין און באַצאָלן מיט נאָך מיליאָנען אידישע לעבנס, איידער דער דאָזיקער פּראָבלעם וועט געלייזט ווערן ראַדיקאַל און פונדאַמענטאַל? אויב עס איז אַמאָל געווען אַ מאָמענט, ווען דאָס אידישע פאָלק איז געווען באַרעכטיקט צו פאָדערן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ לייזונג, וואָס זאָל מאַכן אַ סוף צו דעם אורשפּרונג פון דעם פּראָבלעם און שאַפן לעבנס־באַדינגונגען פאַר אונזער פאָלק, וואָס זאָלן מאַכן אוממעגלעך די ווידערהאָלונג פון אַזאַ טראַגעדיע — דאָן איז איצט דער מאָמענט. און קיין שום פּראָגראַם פון אידישע פאָדערונגען האָט נישט קיין זין און קיין היסטאָרישע באַדייטונג, אויב עס קולמינירט זיך ניט אין דער פאָדערונג וועגן אַ אידישער קאַמאַנוועלט אין ארץ־ישראל. דאָס צוריקשטעלן די אידישע רעכט. דאָס צוריקגעבן אידישע פאַרמעגנס און דער אַנטייל פון די אידן אין „אונררא" זיינען נויטיק און עלעמענטאַר, אָבער דאָס אַליין וועט נישט לייזן דאָס פּראָבלעם.

עס איז פאַראַן אַ גרויסע צאָל אידן אין אייראָפּע, וועלכע, אויב אפילו אַלץ זאָל געטאָן ווערן, קענען זיי נישט צוריקגעשטעלט ווערן אין נאָרמאַלע פּאָזיציעס ביי דער צע׳גזל׳טער ווירטשאַפט אין אייראָפּייאישן לעבן. דער אַנטיסעמיטישער סם, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן דורך נאַצי דייטשלאַנד צען יאָר, וועט ליידער בלייבן אין גרויסע טיילן פון אייראָפּע נאָך אויף פיל יאָרן. און צי האָבן דען נישט אידן אין אייראָפּע, נאָך דעם אַלעם, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעליטן, דאָס רעכט אָפּצוזאָגן זיך, אַז מען זאָל זיי צוריקשיקן

אין די אַלטע וואוין־לענדער? דאָס רעכט אָפּצוואוואַרפן יעדן אַזעלכן פאָרשלאַג, וואָס זאָל זיי צווינגען אָנצוהויבן אַ נייע לעבן דאָרט, וואו זייערע קינדער זענען פאַר׳סמ׳ט געוואָרן און זייערע עלטערן זענען דער׳הרג׳עט געוואָרן? ווער האָט דאָס מאָראַלישע רעכט צו צווינגען מענער און פרויען ווידער אויפצובויען זייערע לעבנס אויף די קברים פון זייערע קרובים און פאַמיליעס? מיר רעדן דאָ נישט לטובת אַ געצוואונגענער עוואַקואַציע פון אייראָ־פּייאישן אידנטום. די, וואָס ווילן בלייבן אין אייראָפּע, האָבן אַ רעכט צו בלייבן און ווערן צוריקגעשטעלט אין זייער פריערדיקן סטאַטוס. אָבער עס וועלן זיין אַ סך, וואָס וועלן אָפּוואַרפן די דאָ־זיקע לייזונג, און דער מינימום, וואָס מען קען טאָן פאַר זיי, איז צו געבן זיי דאָס רעכט אָנצוהויבן אַ ניי לעבן אין זייער אייגן לאַנד, וואו — וואָס עס זאָל נישט געשען — קען דאָרט נישט פאָרקומען אַזאַ קאַטאַסטראָפע. דעריבער איז די פאָדערונג ווענגן אויפבויען ארץ־ישראל אַלס אַ אידישע קאמאַנוועלט נישט מער אָן אַזוי־גערופענע ציוניסטישע פאָדערונג. זי איז אַריבערגעשטיגן די גרענעצן פון פאַרטיי־ציוניזם. די איבערוועגנדע מערהייט פון די אידן אין דער גאַנצער וועלט פאָדערט די דאָזיקע גרינדלעכע לייזונג פון אידישן פּראָבלעם. און אויב עס איז פאַראַן וועלכע עס איז רעאַלע ענטשיידיקונג, וואָס די דעמאָקראַטישע וועלט איז אונז שולדיק פאַר דער טראַגעדיע אין לעצטן יאָר־צענדליק — קען עס געטאָן ווערן דורך שאַפן אַ אידישע קאמאַנוועלט, דורך געבן אונז דאָס רעכט און די הילף זי אויפצובויען.

די טויטע קענען מער נישט געמאַכט ווערן לעבעדיק. די באַזע, אויף וועלכער עס האָט זיך געשטיצט דאָס אידישע לעבן אין אייראָפּע, קען נישט ווערן צוריקגעשטעלט. אָבער איין ענטשיידיקונג קען אונז געגעבן ווערן: דאָס שאַפן אַזעלכע באַדינגונגען, וואָס זאָלן דערמעגלעכן די אידן צו לעבן אַלס אַ נאָרמאַל פאָלק — דאָס שאַפן אַ אידיש היימלאַנד אין פולן זין פון דעם וואָרט, אַן אָרט, וואו יעדער איד פון אייראָפּע און אַנדערשוואו, וואָס וויל אַהינגיין אָדער איז געצוואונגען אַהינצו־קומען, זאָל דאָרט אויפגענומען ווערן און געפינען אַ מקום מקלט.

מען קען ניִשט מער באַליידיקן דעם ציוניזם, ווי אים פאָרצו־וואַרפן, אַז ער איז דעזאינטערעסירט אין אידישן לעבן אין אַנ־דערע לענדער, ווי איינציקע האָבן דאָס געטאָן. קיין שום אידישער קיבוץ האָט נישט געטאָן מער צו ראַטעווען דאָס אידישע לעבן אין איראָפּע, ווי דאָס ארץ־ישראל׳דיקע אידנטום. ציוניזם איז טיף פאַראינטערעסירט אין שטאַרקע אידישע קיבוצים איבער דער גאָרער וועלט אַלס אַ נאַטירלעך הינטערלאַנד און אַלס אַ קוואַל פון מענשלעכע כוחות פאַר אימיגראַציע. עס איז נישט קיין צופאַל, אַז אין אַלע לענדער פון דער וועלט זענען די ציוניסטן געוועזן שטענדיק צווישן די הויפּט־טוער פאַר אויפלעבן די אידישע קולטור און אָר־גאַניזירן די אידשע קיבוצים אין גלות. דאָס, וואָס מיר פאַרלאַנגען פאַר די אידן אין גלות, איז אָנצואווענדן די נאָרמאַלע, עלעמענ־טאַרע באַשטימונגען און פּרינציפּן בנוגע דעם אידישן פאָלק. דאָס, וואָס מיר פאַרלאַנגען אין ארץ־ישראל, איז אַ ספּעציפישע לייזונג פאַר דעם ספּעציפיש אידישן פּראָבלעם, וואָס האָט עקזיסטירט זייט יאָרהונדערטער. די פאָדערונג וועגן אַ אידישער קאָמאַנוועלט שליסט נישט אויס אונזערע תביעות וועגן אידישער גלייכבאַרעכ־טיגונג אומעטום. אָבער די פאָדערונג וועגן גלייכע רעכט פאַר אידן אין אַלע לענדער מאַכט נישט איבערפליסיק אונזער תביעה וועגן ארץ־ישראל אַלס אַ אידישע קאָמאַנוועלט.

עס איז פאַראַן נאָך אַ לעצטע פאָדערונג, וואָס איז ענג געבונדן מיט דעם גאַנצן פּראָגראַם און איז אומבאַדינגט נויטווענדיק פאַר דער דורכפירונג פון אַלע אַנדערע פאָדערונגען. דאָס איז אונזער פאַרלאַנג צו האָבן אַ אידישע רעפּרעזענטאַנץ אין די קאָנסילס פון די פעלקער פון דער וועלט. אין דער צוקונפט קען נישט דאָס אידישע פּראָבלעם געלייזט ווערן מיט יעדן איינעם אַרום דעם גרינעם טיש, אַחוץ מיט אידן, וועלכע מען לאָזט וואַרטן אין די קאָרידאָרן און די פאָדערצימערן. דאָס איז מאָראַליש אומ־גערעכט, און עס איז אויך פאַלש פון דעם שטאַנדפּונקט פון די

פראָבלעמען, וואָס דאַרפן דיסקוטירט ווערן. פראַגן פון לעבן און טויט פאַר אונזער פאָלק ווערן אַרויפגעשטעלט אויף דער טאָג־אָרדנונג פון די אַלע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן, וואָס קומען איצט פאָר און וואָס דאַרפן צונויפגערופן ווערן אין דער נאָענטער צוקונפט.

מיר ווייסן אַז מיר רעפּרעזענטירן ניט קיין רעגירונג. מיר האָבן קיינמאָל נישט פאַרלאַנגט די זעלבע פּאָזיציע, ווי אַ רעגירונג. ווען עס וועט זיין אַ אידישע קאמאנוועלט אין ארץ־ישראל, וועלן מיר זי האָבן. אָבער עס זענען שוין איצט פאַראַן גענוג פּרעצעדענטן, וואו ניט־רעגירונגס קערפּערשאַפטן זענען צוגעלאָזן געוואָרן צו די קאונסילס אָן פאָרמעלען שטימרעכט. מיר דאַרפן פאַרלאַנגען דאָס זעלבע. אונזערע בעסטע פריינט קענען זיך נישט אַזוי גוט אָריענטירן אין אונזערע פּראָבלעמען ווי מיר. און די דאָזיקע פּראָבלעמען וועלן ווערן נאָך מער פאַרשאַרפט און קאָמפּליצירט נאָך דער איצטיקער מלחמה. מיר מיינען, אַז אונזער ווירדע פאַרלאַנגט צו שטעלן אַזאַ פאָדערונג — אַ פאָדערונג, וואָס דאַרף נאָכגעגעבן ווערן די אידן, נאָך דעם אַלעם, וואָס זיי האָבן געליטן אין די פאַרגאַנגענע יאָרן: אַז מיר זאָלן באַקומען די דערלויבעניש צו שיקן אונזערע פאָרשטייער אין די אינטערנאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן און אויף די קאָנפערענצן, וואו עס וועלן דיסקוטירט ווערן לעבנס־פראַגן פאַר אונזער עקזיסטענץ און אונזער צוקונפט.

מען דאַרף נישט פאָדערן פון אונז דאָס, וואָס מען פאַרלאַנגט נישט פון קיין שום אַנדער פאָלק — אַז מיר זאָלן זיין איינשטימיק צווישן זיך. עס איז אַ גוטער פּרעטעקסט פאַר אָפּזאָגן אונז אַ אידישע רעפּרעזענטאַנץ. אָבער ער איז נישט קיין תירוץ פאַר ניט אַנערקענען די אידישע רעפּרעזענטאַנץ. עס איז נישט פאַראַן אַזאַ זאַך, ווי איינשטימיקייט צווישן אַנדערע פעלקער, וואו די מערהייטן באַשליסן און די מינדערהייטן זענען געבונדן דורך דעם באַשלוס. צי דערפאַר, וואָס מיר האָבן נישט קיין מאַכט אויפצוצווינגען דעם ווילן פון דער מערהייט, דאַרפן מיר באַשטראָפט ווערן צו זיין אויסגעשלאָסן פון אָנטיילנעמען אין די דיסקוסיעס, וועלכע האָבן אַ לעבנס־באַדייטונג פאַר אונזער צוקונפט? דער

ערשטער שריט צו באַהאַנדלען אונז ווי גלייכבאַרעכטיקטע, איז צו אנערקענען אונז און געבן אונז אַ רעפּרעזענטאַנץ אויף די אַלע קאָנפערענצן און אין די אַלע אַגענטורן, וואו עס ווערן באַהאַנדלט די לעבנס־וויכטיקע פּראָבלעמען פאַר אונזער צוקונפט. אויב עס וועט נאָר זיין דער ווילן צו אנערקענען אונזער רעפּרעזענטאַנץ, וועלן לייכט קענען אויסגעאַרבעט ווערן די מעטאָדן אויסצוגעפינען די רעפּרעזענטאַטיווע פאָרשטייער פון אונזער פאָלק.

עס וואָלט געווען ניט געניגענד צו באַגרעניצן דעם דאָזיקן איבערבליק פון דער אידישער לאַגע היינט־צו־טאָג נאָר מיט זיין אויסערלעכן אַספּעקט — מיט די פאָדערונגען, וואָס מיר דאַרפן שטעלן צו די אַנדערע פעלקער. דער גורל און דער שיקזאַל פון אַ פאָלק ווערט נישט באַשטימט הויפּטזעכלעך דורך זיין אויסערער פּאָליטיק, נאָר דורך זיין אינערער פּאָליטיק. אַ פאָלק איז אַזוי מעכטיק אין זיין אויסערער פּאָליטיק, ווי עס איז אין זיין אינערלע־כער. און קיין שום אַנאַליז פון אונזערע איצטיקע פּראָבלעמען וואָלט נישט געווען פולקאָם, ווען מיר וואָלטן נישט גענומען אין באַ־טראַכט אייניקע תוך־פּראָבלעמען פון אונזער אינערלעכן לעבן, ספּעציעל אין דעם לעצטן יאָר־צענדליק פון היטלעריזם.

די ערשטע קאָנסעקווענץ דערפון איז די נויטווענדיקייט פון אַן ענגער קאָאָפּעראַציע צווישן די פאַרשידענע טיילן פון אידישן פאָלק. מיר, אין אידישן וועלט־קאָנגרעס, האָבן תמיד געהאַלטן, אַז דאָס אידישע פּראָבלעם איז אין תוך אַן אינטערנאַציאָנאַל פּראָבלעם, און קען געלייזט ווערן נאָר אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלער באַזע. דאָס מיינט נישט, אַז עס זענען ניט פאַראַן קיין אינערלעכע פּראָבלעמען פון די באַזונדערע אידישע קיבוצים, וועלכע דאַרפן גע־לייזט ווערן דורך זיי אַליין. מיר האָבן קיינמאָל זיך נישט אַריינ־געמישט אין דעם נאַטירלעכן רעכט פון אויטאָנאָמיע פון די פאַר־שידענע אידישע קיבוצים אין אַלע אַזעלכע פּראָבלעמען. אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן מיר שטענדיק געגלויבט, אַז דאָס אידישע פּראָבלעם איז אין גרונט אומעטום דאָס זעלבע. און אויב עס איז אין אַלגעמיין אָנגענומען ביים היינטיקן טאָג, אַז איזאַ־לאַציע איז אַרויס פון דער מאָדע ביי יעדן פאָלק, איז זי זיכער

אוממעגלעך פאַר טיילן פון אידישן פאָלק. אויב די גרעסטע לענדער האָבן אנערקענט, אַז עס איז פאַראַן איין וועלט, און אַז עס קען נישט זיין קיין זיכערקייט פאַר קיינעם, סיידן אַלע פעלקער זענען פריי און געזיכערט, טאָ ווי אַזוי קען וועלכער עס איז אידישער קיבוץ גלויבן, אַז זיין גורל איז אַנדערש פון דעם גורל אָדער פון דער צוקונפט פון די אַנדערע טיילן פון אידישן פאָלק? אין אַלע יאָרהונדערטער פון אונזער געשיכטע זענען מיר תמיד געווען איין פאָלק מיט איין שיקזאַל, דאָס זיין באַזאָרגט וועגן דעם גורל פון יעדן טייל פון אידישן פאָלק איז ניט נאָר אַ הויפּט־עיקר פון דער אידישער סאָלידאַריטעט, נאָר עס איז אויך אַן אַקט פון זעלבסט־פאַרטיידיקונג. אויב די אידישע רעכט אין רומעניע ווערן צע־שטערט, ווערט אָפּגעשוואַכט די פּאָזיציע פון די אידן אין לאַטיין אַמעריקע. אויב אידן קענען געמאָרדעט ווערן ערגעץ וואו אין פוילן, דאַן זיינען די אידן אין אַמעריקע וויניקער געזיכערט. אָדער מיר זענען פריי און גלייכבאַרעכטיקט אומעטום, אָדער קיין שום טייל פון אונזער פאָלק געפינט זיך נישט אין אַ זיכערער לאַגע. אויב דער דאָזיקער פונדאַמענטאַלער פרינציפּ, וואָס איז די באַזע פון ציוניזם, און אויף וועלכן דער אידישער וועלט־קאָנגרעס איז אָרגאַניזירט געוואָרן, איז געווען גילטיק נעכטן, איז ער צען מאָל מער גילטיק היינט.

מיר זענען געוואָרן אַ פיל קלענער פאָלק, אַ פיל שוואַכער פאָלק, און עס איז נאָר נאַטירלעך, אַז אַ פאַמיליע, וועלכע האָט פאַרלוירן אַ סך פון אירע מיטגלידער, דאַרף זיך האַלטן ענגער צוזאַמען, בכדי צו געפינען הילף און טרייסט. די אַלע פּראָבלע־מען, וועלכע איך האָב דאָ אויסגערעכנט, קענען געלייזט ווערן נאָר דורך אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָאָפּעראַציע צווישן די פאַרשידענע אידישע קיבוצים. קיין שום אידישער קיבוץ באַזונדער וועט נישט זיין בכוח באַהאַנדלען און לייזן די פּראָבלעמען. נישט נאָר וואָס עס איז נויטיק צו האָבן דערצו די פּאָליטישע קאָאָפּעראַציע פון די אַנדערע טיילן פון אידישן פאָלק, נאָר עס איז נויטיק די ערפאַרונג און זייער עצה.

אויב עס איז ווען עס איז געווען נויטיק אזא אָרגאַניזאַציע, ווי דער אידישער וועלט־קאָנגרעס, איז דאָס איצט. וואָלט דער אידישער וועלט־קאָנגרעס ניט געשאַפן געוואָרן פריער, וואָלט מען אים איצט געדאַרפט גרינדן. עס איז געווען אַ מין היסטאָרישער אינסטינקט אין דר. סטיפען ס. ווייז, אין 1931 און אין 1932 — בעת די היטלער־געפאַר איז נאָך געהאַנגען אין דער לופט און די מערסטע פון אונז האָבן זי נאָך נישט געפילט — וואָס האָט אים געמאַכט איינזען, אַז ס'איז געקומען די צייט אָנצוהייבן צו אָרגאַניזירן די אידן אין אַ וועלט־פאַראייניקונג, בכדי זיך צו פאַרטיידיקן קעגן דער גרעסטער אַטאַקע אויף אונזער עקזיסטענץ, וואָס איז דעמאָלט צוגעגרייט געוואָרן אין דייטשלאַנד.

איך ווידערהאָל, אויב עס איז אַמאָל געווען די נויטווענדיקייט פאַר אַזאַ אָרגאַניזאַציע, פאַר אַן ענגער צוזאַמענאַרבעט צווישן די אידישע קיבוצים אין דער וועלט, צו האַנדלען ווי אַ פאַראייניקטע קערפערשאַפט אין אַלע פראַגן, וואָס זענען אונז נוגע — איז איצט די צייט. איך גלויב נישט, אַז פעלקער ווערן באַוואויגן הויפּטזעכלעך דורך טעמים פון מאָראַלישער סאָלידאַריטעט אַליין. עס איז פאַראַן עפּעס אַזעלכעס, ווי אַ קאָלעקטיווער עגאָאיזם אין קאָלעקטיווע קערפערשאַפטן, וואָס איז די הויפּט באַוועגונגס־קראַפט פאַר אַזעלכע אַקציעס. היינט־צו־טאָג איז נישט נויטיק צו פרעדיקן די דאָזיקע טעאָריע. אויב די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס זענען פאָטענציעל דאָס שטאַרקסטע לאַנד אין דער וועלט, האָבן ביים היינטיקן טאָג אנערקענט וואָס זייער גרויסער פרעזידענט האָט אנערקענט נאָך מיט יאָרן צוריק — און דאָס דאָזיקע אנערקענען מאַכט אים פאַר דער היסטאָרישער פיגור פון אונזער דור — אַז אפילו דאָס דאָזיקע אונגעהויער שטאַרקע לאַנד קען נישט האָבן אַן איזאָלירטן גורל, נאָר דעם זעלבן שיקזאַל און די זעלבע צוקונפט ווי די גאַנצע וועלט, ווייל עס איז איין וועלט און זייער אַ קליינע, — ווי אַזוי קען איצט עמיצער אָפּפרעגן דעם פאַקט? צי איז עס נויטיק צו דערקלערן אידן נאָך די פיר טויזנט יאָר פון אונזער געשיכטע — אַ געשיכטע, וואָס האָט אונז געלערנט, אַז סוף כל סוף זענען מיר

איין פאָלק מיט איין גורל, וועלכן קיינער פון אונז קען נישט אויס־
מיידן — אַז עס איז אין די אינטערעסן פון יעדן אידישן קיבוץ
זיך צו האַלטן נאָענט מיט די אַנדערע אידישע קיבוצים? דאָס
איז דער הויפּט־פּרינציפּ פון אונזער אַרבעט: צו פאַרטיידיקן די
אידישע רעכט און פּאָזיציעס אומעטום, וואו זיי זענען באַדראָט,
ווייל דאָס איז די געמיינזאַמע זאָרג פון אַלע טיילן פון אידישן פאָלק.

און ווייל מיר זענען געוואָרן אַ פיל קלענער פאָלק, ווייל מיר
זענען געוואָרן אַ פיל שוואַכער פאָלק, האָבנדיק פאַרלוירן מער ווי
אַ דריטל פון אונזערע כוחות, איז די קאָאָפּעראַציע און סאָלידאַרי־
טעט און די פאַראייניקטע אַקציע פון דער גרויסער מערהייט, —
ניט אַן איינשטימיקע אַקציע, — נאָך מער נויטיק היינט־צו־טאָג,
ווי ווען עס איז פריער.

דער אידישער וועלט־קאָנגרעס האָט שטענדיק זיך באַמיט נישט
נאָר צו רעפּרעזענטירן די דאָזיקע אידייע דורך זיין עקזיס־
טענץ גופא און דורך זיין אַרבעט, נאָר מיר האָבן זיך אויך באַמיט
צו קאָאָפּערירן מיט אַלע אידישע קערפּערשאַפטן, אפילו ווען זיי
האָבן נישט געהאַלטן פאַר פּאַסענד זיך אָנצושליסן אין דעם אידישן
וועלט־קאָנגרעס צוליב איין טעם, אָדער אַן אַנדערן. מיר זענען
גרייט צו קאָאָפּערירן מיט יעדער אידישער קערפּערשאַפט, וועלכע
אנערקענט אַ פאַראייניקטע אַקציע פון אידישן פאָלק, און וועלכע
אנערקענט דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ אין אידישן לעבן — אַז
די באַשלוסן פון דער מערהייט דאַרפן זיין בינדענד פאַר די אַנ־
דערע גרופּן.

איך גלויב, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט וועלן מיר דאַרפן
אויסברייטערן נישט נאָר די דאָזיקע קאָאָפּעראַציע, נאָר אויך דעם
אַפּאַראַט פון אידישן וועלט־קאָנגרעס, אין אונזער באַמיאונג וועגן
אַ פאַראייניקטער אידישער אַקציע.

אויב מיר מיינען צו באַהאַנדלען ערנסט די אַלע פראַגן, וועט

די אַרבעט פון אידישן וועלט־קאָנגרעס און זיינע אַקטיוויטעטן מוזן ווערן שטאַרק אויסגעברייטערט. אויב אידישע אָרגאַניזאַציעס גלויבן, אַז פאָרמולירן פּראָגראַמען און דורכפירן רעזאָלוציעס איז גענוג, האָבן זיי אַ גרויסן טעות. מיר לעבן אין אַ ברוטאַלער און רעאַליסטישער וועלט. מיר זענען נישט די אזנציקע, וועלכע האָבן פאָדערונגען. עס איז פאַראַן אַ לאַנגע רייע פון די, וואָס קומען מיט פאָדערונגען.

די ערנסטע באַהאַנדלונג פון אונזערע פּראָבלעמען פאַרלאַנגט אַ טעגלעכע אַקציע און אַ שטאַב פון עקספּערטן מיט פייאיקייטן און אויטאָריטעט. עס זענען נויטיק ביוראָס אין אַלע וויכטיקסטע הויפּט־שטעט פון דער וועלט, טעגלעכע קאָמוניקאַציעס, אויסטויש פון דערפאַרונגען און אַ פּערמאַנענטער קאָנטאַקט מיט די אינטער־נאַציאָנאַלע אַגענטורן און רעגירונגען. דאָס וועט זיך פאָדערן אויף אַ לאַנגער רייע יאָרן, ווייל דער שלום נאָך דער דאָזיקער מלחמה וועט נישט רעגולירט ווערן דורך אַ שלום־קאָנפערענץ פון אַ פּאָר חדשים. עס וועט נעמען יאָרן צו לייזן די פּראָבלעמען פון דער נאָך־מלחמה'דיקער וועלט. דאָס וועט געטאָן ווערן איינצלווייז אויף אַ דעצענטראַליזירטן אופן — איין פּראָבלעם וועט רעגולירט ווערן היינט, און אַ צווייטער — מאָרגן. און מיר וועלן זיין שטאַרק פאַראינטערעסירט אין די אַלע פּראָבלעמען, קיין איינער פון זיי וועט נישט זיין גלייכגילטיק פאַר אונז. דעריבער איז נישט רעאַל די אויפפאַסונג, וואָס עס האָבן געוויסע אָרגאַניזאַציעס, אַז זיי וועלן שיקן אַ אידישע שלום־דעלעגאַציע צו אַ נייער ווערסאַלער קאָנ־פערענץ, און אַז זיי וועלן האָבן פאַרענדיקט מיט דעם גאַנצן ענין אין פאַרלויף פון אַ פּאָר חדשים. מיר מוזן זיין צוגעגרייט אויף יאָרן פון אינטענסיווער אַקטיוויטעט איבער דער גאַנצער וועלט.

עס איז נאָך געווען דערלויבט צו אַרגומענטירן קעגן אַזאַ קאָ־אָפּעראַציע אין די פאַרגאַנגענע צייטן פון איזאָלאַציאָניזם אין אַמעריקע און אַנדערשוואו. היינט־צו־טאָג קענען אַזעלכע אַרגו־מענטן מער נישט אָנהאַלטן. די לעצטע רעשטלעך פון אידישן איזאָלאַציאָניזם, ספּעציעל אין דעם לאַנד, זענען מאָטיווירט נישט דורך קיין לאָגיק און אידעאָלאָגיע, נאָר דורך מורא און דורך אַ

מינדערווערטיקייטס-קאָמפּלעקס. עס איז נוצלאָז צו אַרגומענטירן קעגן אַזעלכע מאָטיוון אויף אַ ראַציאָנעלער באַזע.

די מערהייט פון די אידן זיינען גרייט פאַר אַזאַ קאָאָפּעראַציע, און אין דער הינזיכט וויל איך מיט דער גרעסטער צופרידנהייט רעגיסטרירן די ענגע קאָאָפּעראַציע צווישן דעם אידישן וועלט-קאָנגרעס און דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנפערענץ דאָ מיט דער באָארד אוו דעפּיוטיס אין ענגלאַנד, און נאַטירלעך די ענגע צוזאַמענאַרבעט צווישן דער אידישער אַגענטור פאַר ארץ-ישראל און דעם אידישן וועלט-קאָנגרעס וועגן פילע ענינים. אין שייכות דערמיט וויל איך אָנווייזן אויף אַן אַנדערן אַספּעקט פון אינטער-נאַציאָנאַלער אידישער קאָאָפּעראַציע — אויף דער דרינגענדער נויטווענדיקייט צוריקצושטעלן און פאַרשטאַרקן דעם צוזאַמענבונד צווישן וועלט-אידנטום און דעם אידישן קיבוץ אין סאָוועט-רוסלאַנד. דאָס איז דער גרעסטער אידישער קיבוץ אין אייראָפּע. דאָס איז דער איינציקער קיבוץ, וועלכער קען פאַרטרעטן אַ טייל פון די פאַרלוסטן, וועלכע מיר האָבן געליטן אין די לעצטע יאָרן. דאָס איז דער אידישער קיבוץ פון אַ לאַנד, וואָס וועט אויסוואקסן אַלס איינס פון די גרעסטע לענדער נאָך דער מלחמה און וועט האָבן אַ ספּעציעלן איינפלוס אין די לענדער מיט באַדייטנדע אידישע קיבוצים אין אייראָפּע. דאָס צוריקברענגען דעם רוסיש-אידישן קיבוץ אין אַלוועלטלעכן אידישן לעבן, דאָס באַנוצן זיינע גרויסע כוחות און פייאיקייטן פאַר דעם ווידעראויפבוי פון דער אידישער צוקונפט, איז איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן אין דער אינער-לעכער אידישער פּאָליטיק היינט-צו-טאָג און מאָרגן. דאָס איז אַ לאַנגזאַמער און שווערער פּראָבעם. אָבער וואָס מער עס וועלן איינפאַלן די ווענט, וועלכע שיידן אָפּ די סאָוועטן פון דעם איבע-ריקן טייל פון דער וועלט, אַלץ גרעסער וועלן ווערן די אויסזיכטן פאַר אַריינפירן צוריק דאָס רוסישע אידנטום אין דעם לעבן פון דעם אידישן פאָלק.

עס איז פאַראַן אַ געוויסע אידייע, וועלכע באַהערשט אַ סך אידן. די דאָזיקע אידייע איז פאַר זיך אַליין גערעכט און געזונט, אָבער ווען זי ווערט צופיל איבערגעשאַצט, קען זי ווערן אַ גרויסע

שטערונג אויפן וועג פון אַן אַלוועלטלעכער אַקציע. איך מיין די אידייע פון אידישער איינִיקייט.

עס איז געוואונשן, אַז עס זאָל דערגרייכט ווערן אַ מאַקסימום פון איינִיקייט. דאָס איז שוין דערגרייכט געוואָרן. איך בין איבערצייגט, אַז די איבערוועגנדע מערהייט פון אידנטום איז היינט־צו־טאָג פאַראייניקט, אויף וויפיל עס האַנדלט זיך וועגן די פאָדערונגען פון אידישן פאָלק אין דער נאָך־מלחמה וועלט, סיי בנוגע ארץ־ישראל און סיי בנוגע די פּראָבלעמען פון גלות. אָבער עס זענען פאַראַן אידן, וועלכע זענען פאַרכאַפּט נישט פון דער אידייע פון איינִיקייט, נאָר פון איינשטימיקייט. דאָס באַטראַכטן די נויטווענדיקייט פון אַזאַ איינשטימיקייט אַלס וויכטיק פאַר דער אַרבעט מיינט אַריינברענגען אַ פולשטענדיקן באַאָס, ווי אַזעלכער האָט עקזיסטירט אין אַלטן פוילישן פאַרלאַמענט, וואו איין מיטגליד האָט געקענט דורכוואַרפן יעדן פאָרשלאַג דורך צעשטערן די איינשטימיקייט. באַשטיין אויף איינשטימיקע באַשלוסן מיינט צו באַצאָלן אַ פּרעמיע יעדער אונפאַראַנטוואָרטלעכער קליינער מינדערהייט, וועלכע איז ניט געווינט דיסציפּלינירט צו אונטערוואַרפן זיך דעם ווילן פון דער מערהייט. מיר האָבן נישט קיין צייט און ניט די מעגלעכקייט צו דערגרייכן איינשטימיקייט. עס זענען פאַראַן געוויסע גרופּן פון אַזוי־גערופענע אידישע פירער, וועלכע וועלן זיך קיינמאָל נישט אונטערוואַרפן דעם ווילן פון דער מערהייט. די צייט איז געקומען זיי צו איגנאָרירן.

ווי איך האָב פריער געזאָגט, איז קיין שום פאָלק נישט איינשטימיק. אָבער אַנדערע פעלקער האָבן רעגירונגען און פאַרלאַמענטן, און וויבאַלד אַ מערהייט באַשליסט, מוז די מינדערהייט פאָלגן — דאָס איז נישט קיין ענין פון איבערצייגן, נאָר פון געריכטס־פּראָצעדור און פּאָליציי. אַן אַ אידישער רעגירונג קען נישט זיין קיין אידישע איינשטימיקייט. אויב די גרויסע מערהייט איז מסכים, ווי זי איז, איז דאָס גענוגענד פאַר אַ פאַראייניקטער אַקציע, און די מינדערהייטן, וועלכע זאָגן זיך אָפּ אונטערצוּוואַרפן זיך, דאַרפן בלייבן מחוץ למחנה. עס איז אַ נאַטירלעכע פּאָזיציע פאַר די אידישע איזאָלאַציאָניסטן צו בלייבן איזאָלירט, און די מערהייט

דאַרף אויפהערן צו באַמיען זיך צו געווינען די סימפּאַטיע פון די פאַר׳עקשנ׳טע, קאַפּריזנע מינדערהייטס-גרופּן, וועלכע ווילן זיך נישט אונטערגעבן.

די אידישע וועלט-קאָנפערענץ איז זיך צונויפגעקומען אין אַ זייער ענטשיידענדן מאָמענט פון דער אידישער געשיכטע. עס איז נישט געווען לייכט צונויפצורופן אַזאַ קאָנפערענץ אין די באַדינגונגען פון קריגס-צייט. און אפילו מיט די פאַרלייכטערונגען, וואָס די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט אונז געגעבן אַזוי גרויסמוטיק, האָט די קאָנפערענץ נישט געקענט זיין קאָמפּלעט און נישט פולקאָם. געוויסע אידישע קיבוצים האָבן נישט געקענט זיין פאַרטראָטן, און פון דעם שטאַנדפּונקט וואָלט זיך געקענט אויסווייזן, אַז עס וואָלט געווען גלייכער אָפּצולייגן די קאָנפערענץ אויף נאָך דער מלחמה. אויב מיר האָבן דאָס נישט געטאָן, איז עס געווען דערפאַר, ווייל מיר האָבן געפילט, אַז מיר מוזן לייזן פונדאַמענטאַלע פּראָבלעמען, אַז מיר מוזן פאָרמולירן לעבנס-וויכטיקע פאָדערונגען, און אַז מיר האָבן שוין ביז איצט צו-לאַנג דערמיט געוואַרט. נאָך־מלחמה-פּראָבלעמען ווערן שוין באַהאַנדלט פון העכער אַ יאָר צייט. דער שלום ווערט שוין איצט צוגעגרייט, און קיין שום זאַך קען נישט מער שאַדן, ווי אָנהויבן באַהאַנדלען אונזערע פּראָבלעמען, ווען עס וועט שוין זיין צו-שפּעט. דעריבער האָט געמוזט די דאָזיקע קאָנפערענץ, הגם זי קען ניט פאָרמעל רעפּרעזענטירן אַלע אידישע קיבוצים, נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און נעמען אַ שטעלונג צו די פאַרשידענע לעבנס-וויכטיקע פּראָבלעמען, וואָס וועלן באַשטימען אונזער צוקונפט אַלס פאָלק.

פאַר פילע יאָרהונדערטער איז נישט געווען אַזאַ דור אין אידישן לעבן, וואָס זאָל זיין באַלאַסטעט מיט אַזאַ גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווי אונזער דור. מיר זענען געווען עדי ראיה פון דער גרעסטער טראַגעדיע אין דער געשיכטע און זענען געווען

אומפּייאיק זי צו פאַרהיטן. אונזער גרעסטע סכנה וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן פאַרצווייפלט, און עס איז לייכט פאַר א אידן צו פאַרצווייפלען היינט-צו-טאָג. מיר מוזן זיך צוריקקערן צו די קוואַלן פון אידישן גלויבן, בכדי נישט צו פאַרלירן די האָפנונג. עס איז לייכט פאַר אַ אידן אין די היינטיקע טעג צו ווערן ציניש און פאַרלירן דעם גלויבן אין אַלע מאָראַלישע ווערטן נאָך דעם, ווי מיר ווייסן, אַז פיר אָדער פינף מיליאָן אידן זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און די וועלט האָט זיך אויף דעם קוים אַרומגעקוקט. דער אמת'ער זיג פון היטלערן וואָלט אָבער געווען, ווען ער וואָלט באַוויזן צו דערגרייכן, אַז די פאַר־בליבענע אידן זאָלן פאַרלירן זייער גלויבן אין דער מענשהייט און אין דער אידישער צוקונפט, און זאָלן ווערן גלייכגילטיק צו אונזער קאַמף פאַר פאַרטזעצן אונזער קיום.

אין דעם גרויסן היסטאָרישן דועל צווישן נאַציזם און דעם אידישן פאָלק וועט דאָס אידישע פאָלק אַלס אַ פאָלק ניט צעשטערט ווערן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג אידן וועלן נישט אויפגעבן זייער האָפנונג. איך גלויב באמת, אַז אויב דער שארית הפליטה פון אידנטום וועט נישט פאַרלירן דעם גלויבן און דעם מוט, דעמאָלט איז, ניט געקוקט אויף דעם אַלעם וואָס איז געשען, אונזער צוקונפט ניט ערנסט באַדראָט. עס איז געווען איינע פון די גרעסטע נסים פון אידישער זעלבסט-דערהאַלטונג און פון דעם טיפן אידישן נאַציאָנאַלן אינ־סטינקט, מיט וואָס עס דערקלערט זיך דער המשך פון אונזער פאָלקס קיום — וואָס גראָד אַ דור אָדער צוויי דורות פאַר דער היטלער-קאַטאַסטראָפע האָבן מיר אָנגעהויבן לייגן דעם יסוד פון אידישן ארץ-ישראל. קיינער פון אונז האָט ניט פאָראויסגעזען היטלערן, און קיינער פון אונז וואָלט ניט געגלויבט, אַז נאַציזם איז מעגלעך אין אונזער צייט. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין, האָט אונזער פאָלק געפילט, אַז ער דאַרף שאַפן נייע יסודות פאַר זיין צוקונפט. און פונקט ווי מיט הונדערטער יאָרן צוריק, איידער מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן פון ארץ-ישראל, האָבן מיר אין צייט צו־געגרייט גרויסע אידישע צענטערס אין גלות, אַזוי האָבן מיר איבערגעקערט דעם פּראָצעס און אָנגעהויבן בויען אַ היים, איידער

עס האָט זיך אָנגערוקט אויף אונז די גרעסטע פון אַלע קאַטאַסטראָ־
פעס אין אונזער געשיכטע.

אָן אַ אידישן ארץ־ישראל וואָלט אונזער צוקונפט אַלס פאָלק
געווען מער ווי באַדראָט. מיט אַ אידישן ארץ־ישראל — און איך
זאָג דאָס אונטער דעם פרישן איינדרוק פון מיין באַזוך אין דעם
לאַנד — דאַרפן מיר נישט מורא האָבן. אין דעם גרויסן קאַמף
צווישן נאַציזם און אונזער פאָלק וועלן מיר סוף כל סוף זיין די
זיגער, ווען אפילו מיר וועלן באַצאָלן דערפאַר מיט אַ פערטל
אָדער אַ דריטל פון אונזער פאָלק. אָבער דער ענטגילטיקער
באַשלוס וועגן אונזער צוקונפט איז אָפּהענגיק פון אונז, און נישט
פון די דעמאָקראַטישע פעלקער און זייערע גרויסע פירער, וועגן
וועלכע איך גלויב, אַז זיי זענען באמת אונזערע פריינט.

דער ווילן פון דעם שארית הפליטה פון אונזער פאָלק פאָרט־
צוזעצן אונזער נאַציאָנאַלן קיום מוז טריאומפירן איבער דער פאַר־
ניכטונג פון מיליאָנען פון אונזערע ברידער. אָבער מיר מוזן קאָמ־
פענסירן אונזערע פאַרלוסטן דורך אַ גרעסערער איבערגעבנקייט
און דורך נעמען אויף זיך אַ שווערערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.
די אידישע קיבוצים אין דער מערב־העמיספערע, וועלכע האָבן
פאַרנומען צווייטראַנגיקע פאָזיציעס אין אונזער געשיכטע און
האָבן געשפּילט די ראָלע פון רעזערוו־אַרמייען, וועלן דאַרפן
אַרויסמאַרשירן פאַראויס אין די פראָנט ליניעס. פון דער פולער
און ענגער קאָאָפּעראַציע פון די אידישע קיבוצים אין דער מערב־
העמיספערע וועט זיין אָפּהענגיק אין אַ גרויסער מאָס די צוקונפט
פון אונזער פאָלק.

אַן אונגעהויערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז אַרויפגעלייגט גע־
וואָרן אויף אונזער דור. עס וועט זיין אָפּהענגיק פון אונז, צי אין
די נאָענטסטע פאָר יאָר וועלן געלייגט ווערן די יסודות פאַר אַ
נייער און גרויסער אידישער צוקונפט, אָדער די טראַגעדיע פון
דעם אייראָפּייאישן אידנטום וועט באַצייכענען דעם אָנהויב פון
אַ תקופה פון צוזאַמענפאַל און דעזאינטעגראַציע פון אידישן פאָלק.
ביידע זיינען רעאַלע מעגלעכקייטן. דער באַשלוס, וועלכע פון זיי
עס זאָל ווערן אַ ווירקלעכקייט, ליגט אין אונזערע הענט. מיר זענען

אפשר דער טראַגישסטער דור אין דער אידישער געשיכטע — אַ דור, וואָס איין העלפט פון אים איז פאַר'משפט צו זען, ווי די אַנדערע העלפט ווערט פאַרניכטעט, און קען איר ניט העלפן. אָבער דאָס איז נאָך נישט דער ענטגילטיקער סוף. דער טראַגיש־סטער פון אַלע אונזערע דורות קען נאָך אַלץ ווערן איינער פון די געבענטשסטע, אויב ער וועט אויספירן זיין ראָלע, וועלכע די אידישע געשיכטע רופט אים צו שפּילן, און אויב ער וועט דער־פילן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט ארויסצופירן אונזער אומגליקלעך פאָלק פון דער טראַגישער פאַרגאַנגענהייט דורך אַן אומבאַשטימ־טער געגנוואַרט צו אַ נייער און בעסערער צוקונפט.

